# לידער

געזונגען אין די אַרבעטער־רינג־שולן
לערניאָר 1942־1941

צונויפגעשטעלט פון

## מיכל געלבאַרט

אַרויסגעגעבן פון דעם
בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג
ניו־יאָרק, נ. י.

# פאָרוואָרט

מיט דעם ביכעלע פון 17 לידער באַצוועקן מיר איינצופירן אין אונדזערע שולן אַ מער איינהייטלעכע פּראָגראַם פאַר דעם געזאַנג-לימוד. מיר ווילן אויך פאַרלייכטערן די אַרבעט פון די געזאַנג-לערער. דערפאַר ווערן דאָ אויך געבראַכט די נאָטן צו יעדן איינציקן ליד. די נאָטן וועלן זיכער צו ניץ קומען די לערערס.

געזאַנג איז אַ וויכטיקער לימוד אין אונדזערע שולן. מע דאַרף דעם לימוד איצט שענקען מער אויפמערקזאַמקייט. און, די הויפּטזאַך, אַרייַנטראָגן אין אים מער איינהייטלעכקייט. די זיבעצן לידער האָבן אויסגעקליבן די לערער, וואָס פירן אָן מיט געזאַנג אין די ניו-יאָרקער שולן. פריינד מיכל געלבאַרט איז באַפאָלמעכטיקט געוואָרן דאָס ביכל צוצוגרייטן צום דרוק.

די וואָס האָבן די לידער אויסגעקליבן האַלטן, אַז זיבעצן לידער זיינען גענוג פאַר איין לערניאָר.

מיר באַטראַכטן דאָס ביכל לידער ווי אַ ביישטייַער ניט נאָר פאַר אונדזערע אַרבעטער-רינג-שולן, נאָר אויך פאַר אַלע אַנדערע טיפּן יידישע שולן דאָ אין לאַנד, און ווילן דעריבער האָפן, אַז אַלע שולן וועלן דאָס ביכל ניצן.

**בילדונגס-קאָמיטעט פון אַרבעטער-רינג,**

**נ. כאַנין, בילדונגס-דירעקטאָר.**

1

# אַלע פאַר איינעם

פון א. ליעסין　　　　　　מוזיק פון מ. פאָזנער

מיר האָבן די היימישע פלאַמען,
שוין צענדליגער יאָרן געהיט,
זיי האָבן אויך הינטער די ימען
פאַר אונדז אַזוי ליב נאָך געגליט.
זיי האָבן אונדז גלוטיק צוזאַמען,
אין רינג פון אַן אָרדן געשמידט.

און אַלע פאַר איינעם,
און איינער פאַר אַל׳,
באַלויכטן אין איינעם
פון איין אידעאַל.

דעם גרויסן, דעם שיינעם —
פון אַרבעטער-כלל.

Marsh-Tempo

# די שבֿועה

ברידער און שוועסטער פֿון אַרבעט און נויט,
אַלע וואָס זײַנען צעזייט און צעשפּרייט.
צוזאַמען, צוזאַמען די פֿאָנע איז גרייט,
זי פֿלאַטערט פֿון צאָרן, פֿון בלוט איז זי רויט.
אַ שבֿועה, אַ שבֿועה אויף לעבן און טויט!

הימל און ערד וועט אונדז הערן,
עדות די ליכטיקע שטערן.
אַ שבֿועה, אַ שבֿועה
פֿון בלוט און פֿון טרערן,
מיר שווערן, מיר שווערן, מיר שווערן!

א. שינדלער

## יידיש לשון

ייִדיש לשון, פּשוט לשון
פֿון די טאַטע־מאַמעס,
ביסט דאָך מלא חן אַזוי
ווי בלימעלעך אין תּמוז!

ייִדיש לשון, האַרציק לשון
פֿון מיליאָנען ברידער —
מאַמעס, באַבעס האָבן אונדז
געשאַפֿן שיינע לידער.

זיידעס האָבן מעשׂהלעך
אויף ייִדיש אונדז געגעבן.
ייִדיש לשון, מאַמע־לשון,
פֿרייד פֿון אונדזער לעבן!




4

## מיר וואַנדערן

פֿון ש. אַנ־סקי

מוזיק פֿון מיכל געלבאַרט

מיר וואַנדערן, מיר וואַנדערן,
פֿון איין לאַנד אין דעם אַנדערן,
דורך הונגער און דורך קעלט;
פֿאַרוואָגלטע, פֿאַרביטערטע,
פֿאַרפֿאָלגטע און פֿאַרציטערטע,
מיר פֿרעמדע פֿון דער וועלט.

סאָלאָ

פֿון גלות טויזנטיאָריקן
פֿון היינט און פֿון אַמאָליקן,
האָט אונדז זיך אָפּגעשטעלט:
אַ רייַכטום גאָר אַן אַנדערער,
אַ כּוח פֿון אַ וואַנדערער,
וואָס גייט אום אויף דער וועלט.

### כאָר

מיר טראָגן זוימען אייביקע,
פֿון גלייביקע, פֿון הייליקע,
אַ רויטע זון אונדז העלט...
מיר טראָגן אין דער אַרבעטגאַס
דורך פֿייער, בלוט און מענטשנהאַס
אַ קומעדיקע וועלט.

### סאָלאָ

אַ נייַע וועלט, אַ גרעסערע,
אַ שענערע, אַ בעסערע,
וועט ווערן אויפֿגעשטעלט.
מיר בויען זי מיט אונדזער מוט,
מיט אונדזער גייַסט, מיט אונדזער בלוט,
מיר בירגער פֿון דער וועלט.

### כאָר

מיר וואַנדערן אאַז״וו.

5

# מיר קומען אָן

פֿון ש. צעסלער

מוזיק פֿון ה. וואָלאָוויטש

מיר קומען אָן, מיר קומען אָן,
מיר שפּאַנען פֿריילעך און מאַרשירן,
הויך פֿלאַטערט אונדזער העלע פֿאָן,
די פֿאָן פֿון לערנען און שטודירן.

און ריטמיש קלאַפּן טריט אין גאַנג,
און הילכיק קלינגט אונדזער געזאַנג.
ס׳מאַרשירט אין ריי, מאַרשירט אין ריי,
די יונגע שול, די שולאַרמיי.
מיר קומען אָן מיט העלער פֿרייד,
מיר טראָגן גלויבן, מוט און האָפֿן.
עס ציט פֿאָרויס די שילער קייט,
פֿון מזרח, מערבֿ, דרום, צפֿון.
און ריטמיש קלאַפּן, אאַז״וו.

Marsh Tempo

# מיר גייען

פון ש. צעסלער — מוזיק פון ה. וואָלאָוויטש

צעשטעלט זיך נאָר קינדער מיט וואַנדער־געמיט,
אַזוי ווי די העלדן אין רייען;
און הילכיק זאָל קלינגען דאָס יידישע ליד —
מיר גייען, מיר גייען, מיר גייען.

אַרויס פון דעם שטאָטישן שטורעם און דראַנג
אויף זוניקע וועגן, שאָסייען.
פאַרשפרייטן דאָס יידישע וואָרט דורך געזאַנג —
מיר גייען, מיר גייען, מיר גייען.

marsh Tempo

7

# נאָדעלע

פון שרה באַרקאַן

מוזיק פון ה. וואָלאָוויטש

נאָדל, נאָדל, נאָדעלע,
שטעך דורך דעם געוואַנט.
אַ פֿאָדעם דורך דיַין איינעלע
לאָז דורכציִען מיַין האַנט.

פֿאַל ניט, פֿאַל ניט, נאָדעלע,
פֿון מיַין מידער האַנט.

מיר טאַנצן דאָך אַ נאָדלטאַנץ
אויף זיַיד און אויף געוואַנט.

ווען דער טאָג וועט שלאָפֿן גיין,
רוסטו אין מיַין לאַץ.
נאָדל, נאָדל, נאָדעלע,
נאָדעלע מיַין שאַץ.

פֿאַל ניט, פֿאַל ניט, נאָדעלע, אאַז״וו.

mitl Tempo

8

# בין איך מיר אַ בעקערל (פֿאָלקס־ליד)

בין איך מיר אַ בעקערל,
אַ טייגל מאַכן קומט מיר אָן מיט טויט,
שטעל איך מיר אַרוים אַ וויוויסקע:
אַז איך באַק ברויט.
פֿרעגט וואָס קען איך, טידל־דידל־דאַם.
אַז איך באַק פֿאַרברען איך, טידל־דידל־דאַם!
האָט ניט קיין פֿאַריבל, (2
טידל־דידל . . . . . . .

בין איך מיר אַ שנײַדערל,
אַ נאָדל האַלטן קען איך ניט אין האַנט.
שטעל איך מיר אַרוים אַ װיזװיסקע :
אַז איך פֿרעס געװאַנט.
פֿרעגט װאָס קען איך, טידל־דידל־דאַם.
אַז איך פֿרעס פֿאַרברען איך, טידל־דידל־דאַם !
האָט ניט קיין פֿאַריבל, (2
טידל־דידל . . . . . . .

mitl-Tempo

## פעלד־אַרבעט

9

פון י. קאַצענעלסאָן — מוזיק פון י. גלאַטשטיין

— הערט נאָר איר, ענטפֿערט מיר,
ענטפֿערט מיר געניוער ;
זאָגט מיר דאָס : מיט װאָס, מיט װאָס,
אַקערט ער, דער פּויער ?

— קום אַהער, ס'איז ניט שװער,
דיר ענטפֿערן געניוער :

מיט אַן אַקער, מיט אַן אַקער,
אַקערט ער, דער פּויער. (2

— הערט נאָר איר, ענטפֿערט מיר,
ענטפֿערט מיר געניוער ;
זאָגט מיר דאָס : מיט וואָס, מיט וואָס,
שנײַדט אין פֿעלד דער פּויער ?

— קום אַהער, ס׳איז ניט שווער,
דיר ענטפֿערן געניוער :
מיט אַ קאָסע, מיט אַ קאָסע,
שנײַדט אין פֿעלד דער פּויער. (2

mitl Tempo, munter

יהואש

# כ׳קען עס ניט פֿאַרשטיין

קומט אַ פֿויגל צו מײַן שויב,  פֿויגל קליין, דו פֿויגל שיין —
קלאַפּט זי דרײַ מאָל אָן.  וואָס קען איך דיר טאָן?

צווי־צווי־צווי, צווי־צווי־צווי,
און קיין וואָרט ניט מיין.
צווי־צווי־צווי, צווי־צווי־צווי,
כ׳קען עס ניט פֿאַרשטיין.

קום איך צו אַ וואַסערל,  וואַסער ליבער, זאָג מיר וואָס
הער איך ווי עס שרײַט.  דײַן געשריי באַטײַט.

פֿליו־פֿליו־פֿליו, פֿליו־פֿליו־פֿליו,
און קיין וואָרט נישט מיין, אאַז״וו.

שושקעט זיך דאָס גאַנצע פֿעלד,  זאַנגען ליבע, זאָגט וואָס איז
ווען איך גיי פֿאַרבײַ.  אײַער שושקערײַ?

שו־שו־שו, שו־שו־שו,
און קיין וואָרט ניט מיין, אאַז״וו.



# זיבן קינדער

זיצן, זיצן זיבן קינדער  
בײַ דעם טײַך און ברונעם (2  
זאָגט אײנער צו דעם אַנדערן:  
וואָלט מײַן טאַטע קומען (2  
וואָלט איך זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ האָז,  
וואָלט איך געשפּרונגען איבער גראָז.  
וואָלט מיר וואויל באַקומען. (2

זיצן, זיצן אאַז״וו.  
וואָלט איך זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ בער,  
וואָלט איך געטאַנצט הין און הער.  
וואָלט מיר וואויל באַקומען. (2

זיצן, זיצן אאַז״וו.  
וואָלט איך מיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ בין,  
וואָלט איך געפֿלויגן הער און הין.  
וואָלט מיר וואויל באַקומען. (2

mitl Tempo

mitl.

(shneler)

# שפּילן מיר אין קוילן שניי

פון י. ב. ביילין      מוזיק פון מיכל געלבאַרט

שפּילן מיר אין קוילן שניי,      אַ געליאַרעם, אַ געשריי,
אין קוילן שניי, אין קוילן שניי;      אַ געשריי — געוואַלד!...

הייבט אָן פרירן אין די פיס,
אין די פיס, אין די פיס;
ס׳גיט דער פראָסט אַ ריס, אַ ביס,
אַ ריס, אַ ביס! — ס׳איז קאַלט...

וואַרפן מיר די קוילן שניי,      ווי די פייגל פליִען זיי,
די קוילן שניי, די קוילן שניי...      פליִען זיי — סע פליט!

ווערט אונדז קאַלט אויך אין די הענט,
אין די הענט, אין די הענט.
אוי ס׳איז קאַלט, געוואַלד עס ברענט,
עס ברענט, עס ברענט — עס בריט...

און צום שפּיל נעמט שוין אַן עק,      וואַרפן מיר די שניי אַוועק,
אַוועק, אַן עק! — אַ סוף!...      די שניי אַוועק, די שניי אַוועק,

Munter-Freilech

shlus

# אַ וויגליד

פֿון מאַני לייב

מוזיק פֿון מיכל געלבאַרט

איַי ליו-ליו-ליו, נאַכט און רעגן,
איַי ליו-ליו-ליו, נאַכט און ווינט.
אין דער נאַכט און אין דעם רעגן,
אין דער נאַכט און אין דעם ווינט,
גייען מענטשן אויף די וועגן,
נאַס און הונגעריק ווי הינט.
און פֿאַרוואַגלטע ווי הינט.

איַי ליו-ליו, נאַכט און רעגן,
איַי ליו-ליו, נאַכט און ווינט.
ליולינקע מיַין קינד.

און וווּהין די מענטשן גייען,
ווייס די נאַכט און ווייס דער ווינט.
אָן געוויין און אָן געשרייען,
אין דער נאַכט און אין דעם ווינט.
גייען זיי אין שוואַרצע רייען,
נאַס און הונגעריק ווי הינט.
און געטריבענע ווי הינט.

איַי ליו-ליו, נאַכט און רעגן,
איַי ליו-ליו, נאַכט און ווינט.
ליולינקע מיַין קינד.

Langzam - batribt

# גוטע נאַכט

פֿון רוסיש — מוזיק פֿון מיכל געלבאַרט

שײַנען שטערן אויפֿן הימל,
די לבֿנה לײַכט, אַ פּראַכט;
הימל, שטערן און לבֿנה,
ווינטשן אונדז אַ גוטע נאַכט.
גוטע נאַכט — אַ גוטע נאַכט.

הימל, שטערן און לבֿנה,
וואָס האָט איר פֿאַר אונדז געבראַכט?
שטילע רו און זיסן חלום
און אַ ליבע, גוטע נאַכט.
גוטע נאַכט — אַ גוטע נאַכט.

Langzam, Tzart

דוד אײנהאָרן

# אײַ ליו־ליו

אײַ ליו, ליו־ליו, אײַ ליו, ליו,
שלאָף מײַן טײַערער און רו ;
ווויל איז דעם וואָס האָט אַ מאַמען
און אַ וויגעלע דערצו.
אײַ ליו־ליו...

אַלצדינג קען מען נאָך געפֿינען,
אַלצדינג קריגט מען נאָך פֿאַר געלט ;
נאָר אַ מאַמע זי איז אײנע,
מערניט אײנע אויף דער וועלט.
אײַ ליו־ליו...

שלאָף, מײַן טײַערער, שלאָף, מײַן ליבער,
מאַך די אויגן צו און רו ;
גוט איז דעם וואָס האָט אַ מאַמע
און אַ וויגעלע דערצו.
אײַ ליו־ליו...

Langzam-tzart

א. רייזען

# דאָס נייע ליד

און זאָל ווי ווײַט,
נאָך זײַן די צײַט,
פֿון ליבע און פֿון שלום.
דאָך קומען וועט,
צי פֿרי, צי שפּעט —
די צײַט, עס איז קיין חלום.

איך הער דאָס ליד,
פֿון ליבע, פֿריד,
די מעכטיקע געזאַנגען;

און יעדער טאָן
פֿון ליד זאָגט אָן —
די זון איז אויפֿגעגאַנגען.

עס עקט די נאַכט,
די וועלט דערוואַכט,
פֿון האָפֿענונג, לוסט און שטרעבן;
דו הערסט אין לופֿט,
אַ שטימע רופֿט —
צו מוט און קראַפֿט און לעבן...



# מײַ־ליד

פֿון ה. רויזנבלאַט | מוזיק פֿון מיכל געלבאַרט

וועמעס שטימען הער איך קלינגען,
נײַע לידער זאָל מען זינגען,
ס'נעמט אַ סוף צו שקלאַפעריַי.
פֿרײַ די קלאַנגען, פֿרײַ פֿון קייטן,
העל באַפּוצט מיט פֿרישע קווייטן
קומט צו גיין דער ערשטער מײַ.

וועמעס שטימען הער איך קלינגען,
פֿרײַע לידער זאָל מען זינגען,
אַל דאָס בייזע איז פֿאַרבײַ.
נאָך דעם ווינטער, קאַלטן, לאַנגן —
רײַך אין פֿאַרבן, רײַך אין קלאַנגען
קומט צו גיין דער ערשטער מײַ.

וועמעס שטימען הער איך קלינגען,
הויך און מונטער זאָל מען זינגען!
זאָל זיך טראָגן פֿראַנק און פֿרײַ
אונדזער ליד אין אַלע עקן,
צו אַ נײַעם לעבן וועקן,
צו אַ נײַעם לעבן וועקן,
קומט צו גיין דער ערשטער מײַ.

*Marsh Tempo, sharf batont*

# אינהאלט:



מיר רעקאָמענדירן אויך צו זינגען פֿאָלגנדע לידער פֿון דעם ביכל „לאָמיר זינגען”, אַרויסגעגעבן פֿון אַרבעטער־רינג, די נומערן: 7 — ברידער, מיר האָבן געשלאָסן, 84 — די שול, 87 — אַ מעשׂהלע, 90 — טשיגג־טשאַנג־טשו, 98 — אוי, חנוכּה, 102 — אַכט קליינע ברידער, 99 — הײַנט איז פּורים, 100 — האָפּ מײַנע המן־טאַשן, 96 — חד־גדיא.